№ 47 Należytość pocztowa opłacona ryczałtem. פֿינפֿטער יאָהרגאַנג. פּרייז 20 גראָשען „CZĘSTOCHOWER CAJTUNG".

# טשענסטאָכאָווער צייטונג

אַנאָנסען־פּרייז:
פאַר א מילימעטער שורה
פֿאַר'ן טעקסט 24 גראָשען נאָך'ן טעקסט 18 גראָשען.
אין טעקסט 60 גראָשען.
פֿאַר'ן אינהאַלט פֿון די אַנאָנסען איז די רעד. נישט פֿעראַנטוואָרטליך.

ערשיינט יעדען פֿרייטאָג.
רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע
ערשטע אַלעע 6. טעלעפֿאָן 201.

אַבאָנאַמענטס־פּרייז
א נומער 20 גראָשען.
אַדרעס פֿון רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע:
Częstochowa, Aleja 6. telefon 201.

Piątek, dnia 12 listopada 1926 | ליכט־צינדען 3 מיט 34 מינוט | פֿרייטאָג, פּ׳ ויצא ו׳ כסלו תרפ״ז.













אלע יודישע וואָהלטעטיגע פֿעראיינען (צדקה־חברות) וואָס עקזיסטירען אין אונזער שטאָדט דאַרפֿען אומבעדינגט אין משך פֿון 8 טאָג זיך רעגיסטרירען אין דער יודישער גמינע און אויפֿגעבען וואו זיי האָבען זייער זיץ־אָרט, ווער עס איז דער פּרעזיצענדער פֿון פֿעריין און וואו ער וואוינט.

## וויכטיג פאַר קליינהענדלער!
מאָרגען, שבת דעם 13 נאָוועמבער, 7 א זייגער אָוונט, קומט פאַר אין אייגענעם לאָקאַל
## א מאַסען־פֿערזאַמלונג פֿון אַלע מיטגלידער
אויף וועלכער עס וועלען בעהאַנדעלט ווערען זעהר וויכטיגע פֿראַגען,
1) וועגען קאַמף נעגען ליבהע און ספּעקולאַציע. 2) אקטועלע שטייער־פֿראַגען. 3) קרעדיט און קאָאָפּעראַציע. 4) בעריכט פֿון דער לעצטער קליינהענדלער־קאָנפֿערענץ אין וואַרשא.
צוליעב דער וויכטיגקייט פֿון דער פֿערזאַמלונג און די פֿראַגען, וואָס וועלען בעהאַנדעלט ווערען, וועגען וועלכע יעדער קליינהענדלער דאַרף זיין אינפֿאָרמירט, מוזען אַלע מיטגלידער זיין אַנוועזענד.
די פֿערוו. פֿון קליינהענדלער־פֿעראיין.

צו דער ערשטער יאָהרצייט פֿון מיין אונפֿערגעסליכער פֿרוי
## רחל לאה נ״ע
שענק איך 50 זל. אויף פֿאָלגענדע אינסטיטוציעס: 10 זל. פֿאַר'ן יוד. שפּיטאַל, 10 זל. „מושב זקנים", 10 זל. „עזרה", 10 זל. „בית לחם" און 10 זל. מחזיקי הדת".
דאָס געלד איז אָנצונעמען אין רעדאַקציע. שלמה קינסטליכער.



פֿון דער באַנק „ספּולדזיעלצי".
אין דער מיטטיילונג פֿון באַנק „ספּולדזיעלצי" אין די פֿריערע נומערן וועגען דעם וואָס די באַנק איז געשלאָסען אין שבת און די וועקסלען, וואָס וועגען צאָהלבאַר פֿרייטאָג מוזען געצאָהלט ווערען אין זעלבען טאָג ביז 3 נאָכמ. איז אריינגעפֿאַלען א טעות, אנשטאָט ביז 3 נאָכמ. דאַרף זיין נאָר ביז 2 נאָכמ. ווען שפּעטער נעמט די באַנק נישט אָן קיין וועקסעל־צאָהלונגען.

# דער טאָג.

[illegible]

... פון דער מאַכט—שטראַף פון 100 ביז 1000 זל. אָדער אַרעסט ...

י. פ.

[illegible]

... וואַרשא און שלעזיען און אויבערשלע-זיען.

ניסט בראָניסלאַוו ניעמפּעל פון לעמבערג איז אײַנגעלאַדענט געוואָרען אין קע-ניגליכען פּאַלאַץ אין סאַן-רעמאָ וואו ער האָט געשפּיעלט פאַר'ן איטאַליע-נישען קעניג. דער קעניג האָט געלויבט דעם יונגען קינסטלער און איהם גע-געבען א ווערטפולע מתנה.

— אין לאָנדאָן האָט זיך געעפענט א יודיש-קריסטליכע קאָנפערענץ וועגען רעליגיעזע און אַרבײַטס-לוין.

— אין די פאָרשונגען פון פּראָפ. הירש, וועלכע זענען פערעפענטליכט געוואָרען אין דער גרויסער ענגלישער צײַטונג „העראַלד" ווערט אנגעוויזען, אַז די קינדער פון די פּוילישע יודען אין אַמעריקאַ ווײַזען אַרויס די העכ-סטע אינטעליגענץ אין אַמעריקאַ. אויפ'ן צווייטען פּלאַץ שטעהען די שוועדען און אויף'ן דריטען פּלאַץ די ענ-גלענדער.

— די ירושלים'ער רעגירונג האָט פערעפענטליכט דאָס אַרבײַטער-שוץ-געזעץ. אין א טויט-צופאַל מוז דער אונטערנעהמער בעצאָהלען דער פאַ-מיליע 250 פונט. אויב א אַרבײַטער ווערט אונפעהיג צו דער אַרבײַט בע-קומט ער 100 פּיאַסטער א וואָך. אונטער'ן נעזעץ פאַלען אַרונטער אויך די רעגירונגס-אונטערנעהמונגען.

— אויף די לעצטענס אָבגעהאַלטע-נע ווירטשאַפטליכע בעראַטונגען אין פּרעזידיום פון מיניסטערען-ראַט האָט מען נישט אײַנגעלאַדענט קיין פאָר-שטעהער פון דער יודישער מלאכה אין לאַנד. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט די צענטראַלע פון „אגודה" פער-באַנד אַרויסגעשיקט א פּראָטעסט צום מיניסטערען-פּרעזידיום.

— דאָס פּרעסע ביוראָ פון „אגודת ישראל" טיילט מיט, אַז א גרופּע יו-דישע קאַפּיטאַליסטען האָבען בעשלאָ-סען צו גרינדען נישט ווײַט פון ניו-יאָרק א שטאָדט פאַר 10.000 אײַנ-וואוינער. לויט די גרינדונגס-סטאַטוטען וועלען אין דער שטאָדט מעגען וואוי-נען נאָר יודען, וואָס היטען אָב שטרענג אַלע דינים וועגען שבת. די נײַע שטאָדט וועט הייסען „שבת-הויף".

— דער פּראָיעקט פון אויסטאַוש וועגען קאַמף מיט וואוינונגס-[illegible] און צוג-לעגלען האַנדעל מיט וואוינונגען איז שוין בעשטעטיגט געוואָרען דורכ'ן אי-נערן-מיניסטער גענעראַל סקלאַדקאָווסקי און אין דער קומענדער וואָך וועט ער געגעבען ווערען צום בעשטעטיגען דעם מיניסטערען-ראַט.

דער פּראָיעקט זעהט פאָר הויכע שטראָפען פאַר די, וואָס פערקויפען אָדער קויפען וואוינונגען. אויך וועלען בעשטראָפט ווערען די, וואָס נעמען אויסגעשריבען דירה געלד פון סובלאָ-קאַטאָרען.

# פון דער וועלט.

## א מיטעל צו שאַפען קינסטלי-כען נאַפט.

### די נײַע ערפינדונג האָט א געוואַל-טיגע בעדײַטונג פאַר דער וועלט-ווירטשאַפט.

די כסדר וואַקסענדע בעדײַטונג פון'ם נאַפט פאַר דער וועלט-ווירטשאַפט און די מורא אַז די נאַפט-קוועלען פון דער ערד וועלען זיך נישט אויסשעפּען, האָט די לעצטע יאָהרען ערוועקט דער געדאַנק בײַ פיעל פאָרשער צו שאַפען קינסטליכען נאַפט.

שוין מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט דער דײַטשער געלעהרטער קאַרל ענגלער, אַרויסגעהענ-דיג פון דער הנחה, אַז דער נאַפט אין די ערד-קוועלען שטאַמט נישט פון פלאַנצען נאָר פון חיות, פּרובירט צו שאַפען דורך דעסטילאַ-ציע פון טראַן א מין נאַפט, וואָס איז גאַנץ ענליך צום נאַטירליכען נאַפט.

שפּעטער האָט ער צוזאַמענגעשטעלט א פערבינדונג פון די קויהלען-וואַסער-שטאָפען, וואָס געפינען זיך אין נאַפט און האָט אַזוי אַרום געשאַפען א פּראָדוקט וואָס איז גאַנץ ענליך צו אונזער נאַפט סײַ כעמיש, סײַ פי-זיקאַליש.

איצט איז געלונגען דעם דירעקטאָר פון'ם פאָרשונגס-אינסטיטוט פאַר ברען-שטאָפען אין פּאַריז צו דערפיהרען צו א צוואַמע מעטאָדע צו גינסטיגע רעזולטאַטען.

עס איז איהם געלונגען צו שאַפען א קינסטליכען נאַפט, וואָס ווערט כעמיש קאָנ-סטרואירט פון וואַסער-שטאָף און קויהלען, אקסידיום, און ווערט פּראָדוצירט דורך א קאַ-טאַליזאַטאָר, וואָס ער האָט אַליין ערפונדען און וועלכען ער האַלט דערווײַל אין געהיים.

דער דאָזיגער נאַפט ענטשפּרעכט גאַנץ דעם נאַטירליכען נאַפט פון די ערד-קוועלען און מען קען דורך א געהעריגער דעסטילאַ-ציע בעקומען פון איהם בענזין, פּינעטראָל-אייל, פּאַראַפין און אַנדערע פּראָדוקטען.

די פראַנצויזישע רעגירונג האָט בדעה אויפצובויען אין לאַנד א פאַבריק אויסצואַר-בייטען דעם קינסטליכען נאַפט, זײַענדיג זיכער אַז די נײַע ענטדעקונג וועט פראַנקרײַך ברענגען אונגעהויערע נוצען, בעפרײַענדיג זי אַזוי אַרום מיט איין מאָל פון דער פינאַנ-ציעלער און ווירטשאַפטליכער אָבהענגיגקײַט פון אויסלאַנד, וואו פראַנקרײַך מוז קויפען דעם נאַפט, ווײַל זי האָט נישט קיין אייגענע נאַפט-קוועלען.

נאַטירליך האָט די דאָזיגע ערפינדונג אויך א גרויסע בעדײַטונג פאַר אַנדערע לענ-דער, וואָס פערמאָגען נישט קיין נאַפט-קווע-לען. זאָל ווען די דאָזיגע מעטאָדע אַרויסוויי-זען פאַר פּראַקטיש דורכפיהרבאַר, קענען דורך דעם ענטשטעהן גרויסע וועלט-ווירט-שאַפטליכע איבערקעהרענישען.

אין דײַטשלאַנד ווערט שוין זײַט א לענ-גערער צײַט געאַרבײַט די האַרטע קויהלען צו קענען ברענגען צו א פליסיגען צושטאַנד און עס זענען לעצטענס דערגרײַכט געוואָרען אויף דעם געביט בעדײַטענדע רעזולטאַטען. אויף אַזאַ אופן וועט די כעמיע געשאַפען פאַר די פּראַקטישע וועלט-ווירטשאַפטליכע בעדער-פענישען א מעגליכקײַט אינטענסיווער אויסצו-נוצען די קויהלען-רעזערוואַטען אויך דורך בע-קומען פון זיי נאַפט און אייל-פּראָדוקטען.

עס איז אַזוי אַרום נישט אויסגעשלאָסען, אַז דער קאַמף צו בעקומען נאַפט, וואָס איז א אונגעוועהנליכע פראַגע פאַר פיעל אייראָ-פּעאישע מלוכות, וועט בקרוב זײַן א וועלט-פּאָליטישע פראַגע פון דער פערגאַנגענהייט.

# פערשידענע ידיעות.

[illegible]

... וועט פערהאַנדלען די מזרח-וואָ-יעוואָדשאַפטען מיט'ן פּאָרט גדינא.

די רעגירונג פיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט אַן אַמעריקאַנער געזעל-שאַפט וועגען פינאַנסירען דאָס בויען [illegible] ... צו די מעסער פון די עלטערן.

— דער פינאַנץ-מיניסטער האָט זיך געווענדעט מיט א בריוו צו אַלע מי-ניסטאָרען, אין וועלכען זיי ווערען אויפגעפאָרדערט צו זײַן שפּאָרזאַם בײַ [illegible]

# וואָס הערט זיך אין דער יודישער וועלט?

— אין גאַנץ יוגאָסלאַוויען זענען פערהאַן 73,267 יודען. אויף דער אל-געמיינער צאָהל בעפעלקערונג פון לערך 12 מיליאָן נפשות.

— אין ניו-יאָרק האָט זיך געשאַפען א קריסטליכע אָרגאַניזאַציע, אין וועל-כער ס'געהען אַרײַן 120 אונגעזעהענע נישט-יודישע פּערזענליכקײַטען, וועל-כע ווילען שאַפען א פאָנד פאַר די נויטלײַדענדע יודען אין אייראָפּאַ.

— אין ליטא זענען פערהאַן 2000 יודישע פּויערים וואָס בעאַרבײַטען 8 טויזענד העקטאַר ערד.

די יודישע גערטנער אין ראַיאָן פון קאָוונא און קײַדאַן עקספּאָרטירען יעהר-ליך העכער 2 מיליאָן אוגערקעס.

— דער שעף פון קאַבינעט פון פראַנצויזישען קריגס-מיניסטעריום גע-נעראַל קאָרענס, א יוד, איז בעשטימט געוואָרען אַלס רעזערוו-גענעראַל.

— די יודישע קאָאָפּעראַטיווען-באַנק אין וואַרשא, האָט דערהאַלטען פון „פונדאַציאָן" אין בערלין 100 טויזענד דאָלאַר.

— אין תל-אביב האָט עקספּלאָדירט א באָמבע, וואָס איז איבערגעבליבען געוואָרען אין דער ערד בשעת דער מלחמה. צוויי יודישע קינדער זענען דער'הרג'ט געוואָרען. דער פאַל האָט געמאַכט א טיעפען אײַנדרוק אין ארץ-ישראל.

— דער 14 יעהריגער יוד. וויאַלע- [illegible]

---

# 8) „די זאַכלאַדניקעס".

## א ריהרענדע געשיכטע פון די לעצטע מלחמה-יאָהרען.

פון י. געלזאָהן.

(פאָרזעצונג.)

לאַפּוכין איז אַרויס פון צימער, און מרים מיט דניאל'ן האָבען זיך בערו-היגט, דניאל האָט זיך אפילו געטויש-לעך צולאַכט און געזאָגט: דער אַלטער גענעראַל וויל אונז, ווײַזט אויס, מיט'ן גאַנצען האַרצען אָבהיטען און ער בע-חײַמט זיך צום זוהן אפילו אין חלום.

איך גלויב אַז לאַפּוכין וועט אונז מעהר קיין שלעכטעס נישט טהון—האָט מרים געזאָגט—ווײַל ער שעצט זעהר זײַן פאָטער, און וויל זיך מיט איהם נישט אײַנרײַסען. אָבער פאָרט קען מען נישט וויסען וואָס מאָרגען וועט זײַן, ווײַל יעצט איז ער געוויסען אונטער'ן אײַנדרוק פון'ם חלום, און אויך פאַר'ן ענטשײַדענעם שלאַכט וואָס ער געהט אָנפיהרען. אָבער ווען ער זאָל זיעגען האָב איך מורא אַז ער זאָל נישט ענדערען זײַן מיינונג.

א שטאַרקע האַרמאַטען-שיסערײַ וואָס האָט זיך געהערט פון גאָר נאָהנט, האָט איבערגעריסען זײַער שמועס. די קאַ-נאָנאַדע איז געוואָרען מיט יעדער מינוט שרעקליכער. מען האָט געהערט און געפיהלט ווי די קוילען פון'ם שונא פאַלען נאָהנט צום הויז וואו זיי האָבען זיך געפינען. זיי זענען מיט'ן געזעסען און געציטערט פון שרעק. און אַזוי האָט זיך דאָס געצויגען לערך א שעה.

ווען די שיסערײַ האָט זיך פלוצים אויפגעהערט, און ס'האָבען זיך געהערט יובעל-געשרײען און א קאָמאַנדע פאָר-ווערטס, אַלע האָבען אָנגעהויבען צו רוקען זיך פאָראויס, און באַלד האָט מען זיך גענומען איבערהאַפט צו פאַ-קען אַלע זאַכען, און אַזוי זענען אויך מרים און דניאל אַרויס פון הויז, און זענען צוזאַמען מיט'ן פאָרמאַרשירענדען מי-ליטער געגאַנגען אין דער ריכטונג פון ב.

9.

דער מאַרש פון רוסישען מיליטער קיין ב. איז פאָרגעקומען שוין גאַנץ רוהיג, ווײַל די פאָרפּאָסטען וואָס הא-בען זיך צוריקגעקעהרט פון ב. האָבען איבערגעגעבען אַז די עסטרײַכער האָבען שוין פערלאָזט די שטאָדט, און די רו-סען קענען אַרײַן אומגעשטערט.

אויפ'ן וועג האָט דער קאָמענדיר לאַפּוכין אויסגעזוכט מרים'ן מיט איהר חתן און ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי קענען זיך רוהיג געהן וואוהין זיי ווי-לען און ער וועט זיי מעהר נישט צו-רוקהאַלטען.

איך מוז מײַן שבועה האַלטען,—האָט ער געזאָגט—טראָץ דעם וואָס איך האָב דיך ליעב מרים, קען איך נישט געהן געגען דעם ווילען פון מײַן פאָטער,—אָבער איך בעט אײַך אַז איהר זאָלט וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנען אום מיך נישט מעהר צו דער-מאַנען אין דיר.

מרים מיט דניאל'ן האָבען איהם הערצליך געדאַנקט, און מרים האָט צו איהם געזאָגט: איך וועל געטריי טהון דײַן פערלאַנג און זיך וואָס שנעלער דערווײַטערן פון דאַנען, אָבער איך וועל דיך זעהר געבעטען אַז די וועלסט זיך בעמיהען צו ערפאַהרען וואָס עס איז געוואָרען מיט מײַן פאָטער און מײַן חתנ'ס פאָטער, אויב וואָלקאָוו וועט זיך אין זיי נישט נוקם נעמען.

גוט, איך וועל דאָס טהון—האָט לאַפּוכין געענטפערט — איצט וועלען מיר זיך צושיידען, און איהר קענט בלײַבען אין ב. ביז מאָרגען, און אינ-צווישען וויל איך זיך בעמיהען צו דערגעהן וואָס מיט אײַערע עלטערן איז געוואָרען. מאָרגען קאָנט איהר צו מיר קומען געוואויר ווערען.

לאַפּוכין איז אַוועק, און זיך גע-שטעלט אין דער שפּיץ פון מיליטער מיט וועלכען ער איז אַוועק קיין ב. צוזאַמען מיט מרים און דניאל.

אנקומענדיג אין שטאָדט זענען מרים מיט איהר חתן גלײַך אַוועק צום ראַ-בינער רב.

בײַם רב אין שטוב האָבען זיי גע-טראָפען א גרויסען עולם יודען, וואָס האָבען זיך דאָרט פערזאַמעלט און אַלע זענען געווען זעהר דערשראָקען, און מיט'ן [illegible] פון די צאַ-רעטערע האָבען אויסגעזעהען ווי רוסען האָבען זיי זיך נאָך מעהר דער-שראָקען.

דער רב האָט זיי געפרעגט אויף רוסיש וואָס זיי ווילען, און זיי האָבען איהם געזאָגט אַז זיי ווילען מיט איהם רעדען אַליין, וועגען א געוויסע גע-הײמנים וואָס זיי קענען נור איהם אַליין פערטרויען.

מרים מיט דניאל'ן האָבען נישט געקענט פערשטעהן פאַרוואָס די יודען זענען אַזוי דערשראָקען, און ווען דער גרײַז-גרויער רב איז מיט זיי אַרײַן אין א בעזונדער צימער האָט ער משמעות געציטערט ווי א בלאַט.

איך זעה, רבי, אַז איהר זענט עפּיס שטאַרק איבערשראָקען—האָט דניאל אָנגעהויבען צו רעדען יודיש—אפשר שרעקט איהר אײַך פאַר אונז וואָלט איהר אויסהערען אונזער זאַך וועט איהר ווײַסען ווער און וואָס מיר זענען.

ווי נאָר דניאל האָט אָנגעהויבען צו רעדען יודיש האָט ער געזעהען אַז דער רב הויבט זיך אָן בערוהיגען, און נאָכדעם ווי ער האָט איהם נאָר אַרויס-געזאָגט ווער ער איז, אַז ער איז דער זוהן פון רב פון ה. האָט זיך דער רב שטאַרק דערפרייעט און איהם געפרעגט:

ווען ביזטו אַוועק פון ה.?

איך וועל דעם רב אַלעס דערצעה-לען—האָט דניאל געענטפערט — און ער האָט איבערגעגעבען דעם רב אין קורצע ווערטער די גאַנצע געשיכטע פון זײַער ענטלויפען פון ה. און ווי זײַן פאָטער האָט איהם בעשוואוירען אַז ער זאָל מיט זײַן כלה חתונה האָ-בען אין ב.

אָבער וואו איז דײַן כלה? — האָט דער רב געפרעגט—און ווער איז דער מאַן?

דאָס איז מײַן כלה — האָט דניאל געענטפערט—זי איז א טאָכטער פון ר' שלמה קאַלטאָנאָוויטש פון וועמען איהר האָט געוויס געהערט, אויבער-קליידט אַלס מאַנספּערזאָן.

צו איך האָב געהערט פון ר' שלמה'ן?—האָט דער רב געענטפערט — נישט בלויז פון איהם געהערט נאָר איך בין איהם מעהר גוט בעקאַנט, געלויבט השי"ת וואָס האָט אײַך מציל געווען פון שונא'ס הענד, איך פערשטעה אַז דאָס מוז בלײַבען אין גרעסטען גע-הײם, אָבער פאַר מײַן פרוי, די רבנצי'ן, מוז איך אַלעס דערצעהלען, זי איז א גאַנץ קלוגע און גוטע פרוי איהר קאָנט אײַך צו איהר פערטרויען. די חופה רעכען איך וועלען מיר מאַכען אין אָוונט, און יעצט מוז איך אַרײַנ-געהן צום עולם מען וואַרט אויף מיר ווײַל מיר האָבען דאָ א אספה צוליב דעם וואָס די רוסען זענען איצט אַרײַנ-געקומען אין שטאָדט, און מען זאָגט אַז דער קאָמענדאַנט איז א גרויסער שונא-ישראל, און וואוהין ער קומט מאַכט ער יודען אָן די גרעסטע צרות.

אויב איהר [illegible] פון דעם קאָמענדאַנט, רבי,—האָט זיך מרים אָנגערופען—וועלען מיר בײַ איהם אַלץ פועל'ן, און איהר האָט זיך אַבסאָלוט נישט וואָס צו שרעקען פאַר איהם.

עס איז אמת רבי—האָט דניאל גע-זאָגט—מײַן כלה קען בײַ דעם קאָ-מענדאַנט אפשר אַלעס פועל'ן, אָבער, מרים, איך גלויב אַז ס'איז נישט גע-וואונשען דאָס דו זאָלסט זיך פאַר איהם חנפ'ן, און אויב מען זאָל דאָס קענען פערשטערען וואָלט געווען פיעל גלײַכער געווען. אָבער ווען עס זאָל האַלטען בײַ ערנסטע זאַכען, און מען זאָל נישט האָבען קיין עצה וועסטו גע-חוב מוזען אָנווענדען אַלע מיטלען [illegible] די הײַגע יודישע קהלה.

איך וועל אַרײַנגעהן צום עולם הע-רען וואָס עס טהוט זיך אין שטאָדט, הלוואי גאָט זאָל העלפען עס זאָל זײַן אַלעס גוטעס, דערווײַל וועל איך קײַ-נעם וועגען אײַך קיין וואָרט נישט דער-צעהלען אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט נישט זײַן דרינגענד נויטיג.

דער רב האָט אַרײַנגערופען די רבני-צין און צו איהר געזאָגט:

הער אויס גוטל, דאָס זענען יודי-שע קינדער, קינדער פון מײַנע בעס-טע פרײַנד, אויב זיי ווילען קענען זיי דיר דערצעהלען זייער גאַנצע געהיימ-ניס, און אפילו ווען נישט, זאָלסטו זיי דאָ האַלטען, געבען צו עסען און אַלץ וואָס זיי דאַרפען, ביז איך וועל זײַן פריי, און מען וועט הערען אַז אין שטאָדט איז שטיל.

אַזוי ווי דער רב האָט נאָך גערעדט איז פלוצים אַרײַנגעקומען איינער פון עלטסטען צימער, און מיט א זעהר דערשראָקען פנים געזאָגט:

רבי! איהר וועט מיר מוחל זײַן וואָס איך שטער אײַך, ווײַל פון נאָס קומען אָן שרעקליכע ידיעות, עס גע-הען אַרום שמועות וועגען א פּאָגראָם רח"ל, וואָס זאָל א לאַדע מינוט אויס-ברעכען, און מיר [illegible] קלערען עפּעס א עצה.

(פאָרזעצונג קומט.)

# וואָסערע קולטור-אַרבייט דאַרפֿען פֿיהרען די עקאָנאָמישע פֿעראיינען?

II

## די האַנדווערקער.

איך וויל דאָס איצטיגע מאָהל זיך אָבשטעלען אויף דער קולטור-טעטיגקייט, וועלכע עס דאַרף פֿיהרען דער פּראָדוקטיווער טהייל פֿון דער יודישער געזעלשאַפֿט, די האַנדווערקער.

ווען מיר וואַרפֿען אַ קורצען בליק איבער דער יודישער געשיכטע פֿאַר די לעצטע 50 יאָהר, אין משך פֿון וועלכע עס איז אויפֿגעקומען אַ ברייטע און גענוג אָרגאַניזירטע האַנדווערקער בעוועגונג, ווערט פֿאַר אונז קלאָר, אַז די דאָזיגע בעוועגונג איז ענטשטאַנען אויך אַ דאַנק דעם נעם-מינען קולטור קאַמף, וועלכער איז אַזוי פֿער'עקשנ'ט געפֿיהרט געוואָרען אין דער השכלה עפּאָכע, דורך די וואָרט-זאָגער און נאַמהאַפֿטיגע פֿיהרער פֿון דעם גרויסען יודישען קבוץ אין דעם אַמאָליגען רוסלאַנד.

עס איז אַ ריזיגע פּראָפּאַגאַנדע אין דעם פֿאַרם געפֿיהרט געוואָרען, אַ גרויסע אויפֿקלערונגס-אַרבייט איז דאַן אונטערגענומען געוואָרען, און אַ גרויסע צאָהל בראָשורען פֿערשידענע אויסגאַבען איז עס אין יעהר אַ ברייטער פֿאָרם בעהאַנדעלט געוואָרען.

און דאָס לעבען איז בעהילפֿיג געוועזען. גרויסע טהיילען פֿון דעם יודישען פֿאָלק זענען דאַן בערויבט געוואָרען פֿון זייער עקזיסטענץ מעגליכקייטען, אַזוי אַז אַ געוויסער טהייל האָט אָנגעהויבען זיך צו פֿערנעמען מיט מלאכה און פֿון די דאָזיגע דאָמאָלסדיגע ערשטע בעלי-מלאכות, וועלכע זענען געוועזען די פּיאָנערען פֿון האַנדווערקערטום ביי יודען איז עס אויסגעוואַקסען און אויסגעאַרבעט געוואָרען די איצטיגע פֿעראייניגטע האַנדווערקער בעוועגונג.

און דער רוח פֿון לעבען'ס נויטווענדיגקייט האָט געטהון דאָס זייניגע און איבערצייגט אויך דעם רעליגיעזען טהייל פֿון יודישען פֿאָלק, וועלכער האָט אָנגעהויבען זיך פֿעראַנטוואָרטליך מיט דער דאָזיגער אַלס ברייטער און שטאַרקער זיך פֿונאַנדערוואַקסענדער ערשיינונג פֿון האַנדווערקערטום, צו וועלכע מען האָט זיך מתחילת בעצויגען פֿון „אויבען אַראָב".

צווישען דעם דאָזיגען טהייל יודענטום האָט אַריינגעדרונגען די נויטהווענדיגקייט פֿון אייגענעם האַנדווערקערטום, צו וואָס מען האָט אָנגעהויבען צו בעקומען אַ בעציהונג, אָבער דאָס איז געשעהען ערשט לעצטענס אין רעזולטאַט פֿון דעם אייראָפּעאישען קריג. וואָרום סך הכל מיט אַ 16 יאָהר צוריק ווען דער רעדאַקטאָר פֿון דער דאָזיגער צייטונג ווי מיר טרעפֿען איצט אונזערע אַרטיקלען, איז אַרויסגעטרעטען מיט אַ ריהע אַרטיקלען אין איינעם פֿון די דאָמאָלסדיגע אָרטאָדאָקסישע צייטונגען וועגען דער נויטהווענדיגקייט און וויכטיגקייט צו פֿעראייניגען די צוויי געביטען פֿון „תורה ומלאכה" האָט עס אין דער אָרטאָדאָקסישער וועלט דאַן אַרויסגערופֿען אַ גרויסען שטורם און פּראָטעסטען פֿון פֿערשידענע זייטען.

איצט איז שוין די לאַגע אויף אַזוי פֿיעל געענדערט דאָס אין די רעליגיעזע קרייזען ווערט מען זעהר גערן אַ יוד אַ בעל-מלאכה, אַ האַנדווערקער, וואָס לעבט מיגיע כפּיו, אָבער דערפֿאַר האָבען מיר איצט מיט אַ צווייטע ערשיינונג צו קעמפֿען.

עס האָבען זיך אויסגעבילדעט האַנדווערקער מאַסען, אָבער אין דער גרעסטער טהייל זענען זיי בערויבט פֿון דער פֿאַר זיי אַזוי נויטיגער קולטור ענטוויקלונג.

צווישען די האַנדווערקער רייהען, ווערען אָפֿט, אַזוי ווי עס הייסט אונז די עקאָנאָמישע איבערוואַנדלונג פֿון די ווירישע קלעטפֿען, אַריינגעשלעפּט גרויסע גרופּען, וועלכע זענען אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרען אין די יודישע אַרבייטער רייהען, און וועלכע פֿערמאָגען ביי זייער גאַנצען בעהאַוּפּטען, נישט די ריכטיגע אויפֿפֿאַסונג פֿאַר די אמת'ע אויפֿגאַבען פֿון דעם האַנדווערקער, וועלכע זענען עקאָנאָמיש איבערוואַרפֿען און איבערלעבט געוואָרען, דאַנקען זענען זיי נישט גענויגט אַדורכגעגאַנגען דעם איבערגאַנג, וועלכער ציהט זיך פֿון דער יודישער אַרבייטער בעוועגונג ביז דער האַנדווערקער-בעוועגונג.

און דאָס האָט אין פֿערשידענע פֿאַלען שלעכטע פֿאָלגען, עס ברענגט צו אָפֿטע אַרויסטרעטונגען און גאַנץ נעגעוועצליכע רעזולטאַטען.

און אין דעם שווערען קאַמף, וועלכען עס האָט צו פֿיהרען דער יודישער האַנדווערקער, ספּעציעל אין דעם איצטיגען פֿעראַנטוואָרטליכען מאָמענט, מוז ער זיין די געהעריג צוגעגרייט.

עס זענען איצט אַנדערע צייטען אָנגעקומען, אויב אַמאָל האָט מען ביי יודען געקעמפֿט פֿאַר'ן פֿערשפּרייטען אַרבייט, האַלטענדיג אַז דאָס איז איינע פֿון די וויכטיגסטע מיטלען, צו דערהאַלטען און שאַפֿען ביי אַ געוויסען טהייל פֿון פֿאָלק אַ פֿעסטע לעבענ'ס עקזיסטענץ. אויב אַמאָל האָט מען דעם האַנדווערקער בעטראַכט אַלס אַ יוד מיט אַ פֿעסטע און געזיכערטע עקזיסטענץ — קומט איצט אויס די האַנדווערקער צו פֿיהרען אַ קאַמף פֿון רעכט אויף האַנדווערקעריי, פֿון רעכט אויף אַרבייט און עקזיסטענץ.

און צו פֿיהרען אָט דעם דאָזיגען קאַמף, ספּעציעל מיט דער אויסערליכער וועלט, דאַרף מען זיין צוגעגרייט און פֿערזעהען מיט די געהעריגע מיטלען, וועלכע קענען נאָר זיין און זענען — דאָס פֿיהרען אַ ברייטע קולטור אַרבייט צווישען די האַנדווערקער.

און דאַן וועלען צווישען די האַנדווערקער נישט געשעהען אַזעלכע אַנאָמאַליעס אַז זייערע בלוטער'שטע פֿערשטעהער האָט רעדען אין זייער נאָמען און האָבען צו פֿערטרעטען זייערע אינטערעסען, וועלען זיין גרעסער מוחזיקים וואָס וועלען גאַנץ ווייט פֿון האַנדווערקערטום און פֿון זיינע בלוטיגע נויטווענדיגקייטען, דאָס איז געווים אַ זעהר קרענקליכע ערשיינונג איבערהויפּט ביי אונז אין שטאָדט, וואָס שטאַמט דאָך פֿון דער אַמאָליגער אונזיפּענהייט, ווען מען איז נתפעל געוואָרען פֿון שעהנע אָדער קלוגגעגרע ווערטער און מען האָט איינגעשטימט צו אַלעם.

ביי אַ געוויסע קולטור-אַרבייט וואָלט געווים אַזאַ ערשיינונג נישט מעגליך געווען, ווייל די האַנדווערקער וואָלטען פֿערשטאַנען ווי אַזוי זיך אַליין צו פֿערטהיידיגען און נישט לאָזען זיך גראַבלען מיט פֿרעמדע הענד.

דער האַנדווערקער האָט פֿאַר זיך דאַריבער וועהר און וועהר אַ וויכטיגע אויפֿגאַבע, ער מוז אויסער עקאָנאָמיש, אויך קולטורעל ענטוויקלען און אָרגאַניזירען זיך. עס דאַרפֿען געשאַפֿען ווערען אָבענד-קורסען, און וועהר אַ ברייטען פֿערנעהם פֿאַר דערוואַקסענע און אונטערוואַקסענדע האַנדווערקער, וועלכע וועלען אויסער די נויטיגע פֿאַך ידיעות אויך בעקומען די יודישע קולטור ווי-סענשאַפֿט.

און דאָס איז ביי אונז אין שטאָדט, וואו עס עקזיסטירט אַ האַנדווערקער-שולע מיט אָבענד-קורסען, וועהר לייכט אַדורכצופֿיהרען, מען דאַרף זיך נור פֿאַר דער דאָזיגער אַרבייט נעמען, מען דאַרף נאָר די איניציאַטיוו אויפֿהייבען און מיר זענען זיכער אַז די אַרבייט וועט זיין אַ פֿרוכטבאַרע און גינסטיגע און וועט דורך די האַנדווערקער קרייזען בעגריסט ווערען.

מיר ווילען שוין נישט רעדען וועגען אַנדערע קולטור-אַרבייט, ווי וועגען געהעריגע לעזע-זאַלען און ביבליאָטעקען, אָדער אָבענד-קורסען, פֿרייע קורסען, וואו יעדער האַנדווערקער זאָל אין פֿרייען אָבענד האָבען די מעגליכקייט זיך צו בעקענען און פֿעראינטערעסירען, דאָס איז אַ געבאָט פֿון דער איצטיגער צייט, וואָרום מיר ווייסען נישט וואָסערע נייע שוועריגע לאַסטען דאָס לעבען וועט אויף די האַנדווערקער נאָך מיט דער צוקונפֿט אַרויפֿלעגען — און דאַצו דאַרף מען דעריבער זיך פֿאַרבערייטען, דען אין בילדונג און אין קולטור ענטוויקלונג וואַקסט דער כוח און די אייניגקייט'ס קראַפֿט.

אַזוי ווי מען האָט מיט צעהנדליגער יאָהרען צוריק דעם עם הספר געוואָלט אַריינפֿיהרען און מאַכען פֿון איהם אַנ'עם המלאכה, דאַרף איצט געזאָרגט ווערען אַז ביי דער אַרבייט, האַנד ביי האַנד דאַמיט, זאָל געהען די קולטור-אַרבייט און קולטור ענטוויקלונג פֿאַר אַ שענער און אַ ליכטיגער לעבען.

**אַ בעקאַנטער.**

---

# די אַלגעמיינע פֿערזאַמלונג פֿון טורן-און ספּאָרט-פֿעראיין.

זונטאָג אָווענד, איז אין אייגענעם לאָקאַל פֿאָרגעקומען אַ אַלגעמיינע פֿערזאַמלונג פֿון היגען יודישען ספּאָרט און טורן-פֿעראיין.

ביי דער אַנוועזענהייט פֿון אַ גרעסערע צאָהל מיטגלידער עפֿענט די פֿערזאַמלונג דער פּרעזעס ה' באַויטין, אַלס פֿאָרזיצענדער ווערט געוועהלט דור. פֿישיסקער, אַססעסאָרען די ה"ה: נאַפּטינסקי און פּרוס, סעקרעטאַר ה' גרעניץ.

דאָס הויפּט-טעמאַ פֿון די פֿערהאַנדלונגען איז די פֿעראייניגונג וואָס האָט געזאָלט פֿאָרקומען מיט'ן „מאַז", ה' וואָלטשינסקי ווייזט אָן 16 פּונקטען וואָס זענען פֿאָרגעלעגט געוואָרען דעם „מאַז" אַלס באַזע צום פֿעראייניגען זיך, פֿון וועלכע די צענטראַלע פֿון „מאַז" אין וואַרשע האָט נאָך פֿאַר אַ לענגערע צייט ערקלערט אַז 6 פּונקטען מוזען געענדערט ווערען, אויף וואָס דער ספּאָרט און טורן פֿעראיין האָט נישט געקענט איינשטימען, און אַזוי איז די זאַך געבליבען ביז'ן היינטיגען טאָג נישט ערלעדיגט. די פֿערוואַלטונג האָט דערוועגען דאָס איהריגע געטהון, זי האָט אַנגאַזשירט אַ אינסטרוקטאָר פֿון ביעלסק וועלכער געפֿינט זיך שוין אויפֿ'ן פּלאַץ. אויך האָט זי אָנגעהויבען אַ ענערגישע טעטיגקייט צווישען די היגע שולען און חדרים וועגען געמיינזאַמע אַרבייט אויפֿ'ן ספּאָרט געביט.

עס קומט פֿאָר אַ העפֿטיגע דיסקוסיע וועגען דער פֿעראייניגונג מיט'ן „מאַז", איינע רעדנער זאָגען זיך אַרויס אַז מען דאַרף שוין איבעררייסען די אונטערהאַנדלונגען מיט'ן „מאַז" וועלכע וועלען צו קיין רעזולטאַטען נישט ברענגען, אַנדערע דאַגעגען האַלטען אַז מען דאַרף זיך בעמיהען צו קומען צו אַ אויסגלייך, עס ווערט אויך דערמאָנט אַ פּראָיעקט צו שליסען אַ פּרובע אָבמאַך אויף 6 מאָנאַטען.

די פֿאָרשטעהער פֿון היגען „מאַז" ד"ר קאָהן און ד"ר בראַם ערקלערען, אַז די בעדינגונגען פֿון „מאַז" זענען ענדגילטיגע און וועלען זיך אין קיין פֿאַל נישט לאָזען ענדערן, ווייל דער „מאַז" סובסידירט נאָר די געזעלשאַפֿטען איבער וועלכע ער האָט אַ פֿינאַנציעלע און טעטיגקייטס-קאָנטראָלע, אויף שליסען אַ פּרובע-אָבמאַך וועט אויך די צענטראַלע נישט איינגעהן.

איינע רעדנער זאָגען זיך אַרויס, אַז דער פֿעראיין זאָל זיך אומבעדינגט בעמיהען צו דערהאַלטען זיין זעלבסטשטענדיגקייט, און ה' באַויטין ערקלערט אַז ער וועט אָנשטרענגען אַלע כחות אַז דער דעפֿיציט זאָל געדעקט ווערען, אָהן הילף פֿון אויסען.

ד"ר קאָהן ערקלערט, אַז צוליב מאַנגעל אין צייט זאָגט ער זיך אָב פֿון זיין מאַנדאַט אַלס פֿערוואַלטונגס-מיטגליד פֿון ספּאָרט און טורן-פֿעראיין, און שלאָגט פֿאָר אַלס פּאַסענדע פּערזאָן אויף זיין אָרט דעם ה' גערשאָנאָוויטש.

ה' פּרץ ערקלערט, אַז אויב די פֿעראייניגונג מיט'ן „מאַז" וועט נישט צושטאַנד קומען וועט ער זיין געצוואונגען זיך אָבצוזאָגען אין דעמיסיע נישט וועלענדיג זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די קאָנסעקווענצען.

דאַן ענטשטעהט אַ טומעל. דעם פֿאָרזיץ איבערנעמט ה' גרעניץ, און אין רעזולטאַט ווערט בעשלאָסען זיך נישט צו פֿעראייניגען מיט קיין שום אינסטיטוציע.

אויף דעם ערקלערען די פֿערוואַל-

---

# דער בעלזער רבי ז"ל און דער וואַסער-טרעגער.

### ווי אַזוי ר' ישכר דוב רוקח ז"ל איז געוואָרען בעלזער רבי.

דער איצט נפטר-געוואָרענער בעלזער רבי ר' ישכר דוב רוקח ז"ל, איז געווען איינער פֿון די חסידיש'ע רבי'שע טיפּען, וואָס זיין פֿערזענליכקייט איז נאָך ביז היינט פֿערבליבען אַ מיסטעריעזע אפילו פֿאַר זיינע אינטימסטע פֿריינד און מקורבים. צוויי כוחות פֿערשידענע לויט זייער אינהאַלט און פֿאָרם האָבען אין איהם געלעבט: דער ספּעציעלער פּראַקטיזם פֿון אַ גאון, ביי וועמען דער פּיסקטאַטיש-גאוני'שער פּלפּול איז איינע פֿון זיינע אידעאַלען און שטרעבונגען. קענענדיג דעם תלמוד און פּוסקים אויף אויסענווייניג, האָט ער קיין שום מאָל געקענט פּסק'נען די [illegible] שאלה נישט אַריינקוקענדיג פֿריהער אין אַ ספר.

פֿון דער צווייטער זייט איז ער געווען אַ גרויסער אָנהענגער פֿון די אַלטע חסידי'שע טראַדיציעס. ווי אין געפּאָליטען זון און חן און זיין אויסערליכער הנהגה (געטראָגען חסידישע מלבושים) זיין דעתו איז געווען „דענקען און טראַכטען".

די חסידי'שע אגדה ווייסט צו דערצעהלען וועגען איהם, אומבערעכטיגליכע מעשיות און ספּורים אַזוי דערצעהלט מען, דאָס נאָך זיין פֿאָטער'ס פּטירה איז אין בעלז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע מחלוקה ווער עס זאָל פֿערנעמען דעם פֿאָטער'ס שטוהל.

אַ טהייל האָט געהאַלטען, אַז בעלז זאָל פֿאַרנעמען אונזער דער העכסטער פֿון טשאָרטקאָווער רבי'ן, וועלכער איז געווען בערוהמט מיט זיינע מופֿתים און אַלס קלוגער עצה-געבער. דער דאָזיגער צד האָט נישט געוואָלט דעם יונגען בעלזער, וועלכער האָט זיך אויסגעוויזען צו זיין מעהר למדן ווי חסיד. די יונגע חסידים ווידער האָבען דווקא געוואָלט דעם בעלזער, וועלכער פֿלעגט זיי ממש מחיה זיין מיט זיין „רעדען" (דער בעלזער פֿלעגט אַלץ רעדען אויף אויסגעהאַלטענע. ער האָט היפּנאָטיזירט די צוהערער מיט זיין „כח הדבור").

נאָר דאָ האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס האָט אויפֿגערודערט גאַנץ בעלז און דעם אומגעגענד און דער פּועל יוצא איז געווען, אַז אַלע זיינע געגנער האָבען זיך שטאַרק געבעטען ביים יונגען בעלזער גאון ביז ער האָט מסכים געווען צו פֿערבלייבען אין בעלז.

אין בעלז איז געווען אַ בחור מיט'ן נאָמען חיים'ל הויקער. דער דאָזיגער חיים'ל הויקער איז געווען אַ שם-דבר אין גאַנצען שטעטעל, ווייל יאָהרען לאַנג איז ער געווען וואַסער-טרעגער. אין שטעטעל איז כמעט נישט געווען קיין איין בעל-הבית, צו וועמען חיים'ל האָט קיין וואַסער נישט געטראָגען.

איינמאָל בעת חיים'ל האָט געטראָגען אַ פֿעסעל וואַסער ביים גביר פֿון שטעטעל ר' יצחק שענקער, האָט איהם ר' יצחק אָבגעשטעלט און געפֿרעגט:

— זאָג נאָר, חיים'ל, דו וואָלסט אפֿשר געוואָלט ביי מיר ווערען אַ משרת,

— וואָס ביי אייך אַ משרת? — האָט חיים'ל איבערגעפֿרעגט.

— יאָ, — האָט ר' יצחק געענטפֿערט — דו וועסט מיט מיר מיטפֿאָהרען אויף ירידים און העלפֿען אהיים פֿיהרען די פֿערד. איך גיב דיר 50 רובל אַ זמן, עסען און טרינקען וועסט דו ביי מיר נישט פֿעהלען. עס וועט דיר פֿיעל בעסער זיין ווי היינט אַלס וואַסער-טרעגער. חיים'ל האָט מסכים געווען און ער איז אָנגעקומען צו ר' יצחק שענקער אַלס משרת.

ר' יצחק שענקער איז געווען אַ רייכער פֿערד-סוחר. ער פֿלעגט כמעט טאָג און נאַכט אַרומפֿאָהרען אויף די ירידים. שענקער האָט מען איהם גערופֿען דערפֿאַר ווייל ער האָט ליעב געהאַט אַ „כוסה" און האָט תמיד ביי זיך אַרומגעטראָגען אַ פֿאַר פֿלעשלאך.

קיין גרויסער למדן איז ר' יצחק קיינמאָל נישט געווען, אָבער די צייט וואָס ער איז געווען אין דער היים, פֿלעגט ער דאַוונען אין בית-המדרש, זאָגען אַ יום-תהלים און נאָך מעריב בלייבען אַ שעה ביים לערנען. מנחה און מעריב האָט ער בכלל ליעב געהאַט צו דאַוונען אין בית-מדרש. אַז איהם איז אויסגעקומען צו זיין אויף אַ יריד און פֿאַר מנחה אַהיימצופֿאָהרען פֿלעגט ער שוין צוואַרטען ביז מעריב, נעמען אַ טרונק בראַנפֿען און אַ זאָג טהון צום משרת:

— דו מיינסט, אַז איך פֿיהר אַהיים בלויז פֿערד? האָסט אַ טעות ברודער, איך פֿיהר אַהיים אַ „ברכו" מיט אַ קדושה אויך.

קיין שלעכטער צו זיינע משרתים איז ער קיינמאָל נישט געווען. און ווען פֿלעגען די משרתים עסען גלייך מיט איהם, אָפֿטמאָל פֿלעגט ער זיי אויך מכבד זיין מיט אַ גוטען טרונק בראַנפֿען. אַז ער איז אָבער געווען בגילופֿ'נדיג פֿלעגט ער שרייען און זידלען און אַמאָל אויך אַ קלאַפּ געבען. שפּעטער פֿלעגט ער אָלעמאָל חרטה האָבען און איבערבעטען דעם משרת מיט אַ פֿרישען טרונק בראַנפֿען און אַמאָל אויך מיט אַ נייע מלבוש.

מאַכט זיך איינמאָל אַ מעשה: ווי פֿאָהרען אַהיים פֿון אַ יריד. דער יריד איז גראָד געווען נישט קיין שלעכטער, ר' יצחק האָט פֿאַר אַ וועהר וואָלוועלען מקח איינגעקויפֿט עטליכע פֿערד.

געווען איז עס אַ ווינטער-טאָג, ר' יצחק האָט ווי תמיד אָבגעדאַוונט מנחה און מעריב אין בית-המדרש פֿון שטעטעל, דאַן געמאַכט אַ כוסה, געגעבען אויך חיים'לען אַ גלעזעלע און מען איז געפֿאָהרען אַהיים לעבעדיג, האָט אָבער די פֿראָסט שטאַרק געברענט. ר' יצחק איז געזעסען פֿון הינטען און אַלע וויילע אַ זופּ געטהון פֿון פֿלעשעל. חיים'ל אין אפֿילו אויך געהען אָנגעטהון. דער פֿראָסט האָט אָבער וועהר שטאַרק געברענט. ער האָט דאַריבער געטריבען די פֿערד מיט'ן גרעסטען איספּעט, זיי געהאַלטען אין איין יאָגען ווי די רוחות.

ר' יצחק האָט זיך געבעטען, ער זאָל אביסעל איינהאַלטען די פֿערד. ער וועט איהם אַהערקלייגען די 6 לייבען. חיים'ל האָט אָבער נישט געהערט און ווייטער געהאַלטען אין איין טרייבען די פֿערד מיט דער גרעסטער שנעלקייט. דאָ איז ר' יצחק שטאַרק אין כעס געוואָרען אַרויסגעכאַפּט דאָס פֿלעשעל, עס אויסגעזופּט איינגאַנצען און מיט דעם ליידיגען פֿלעשעל אַ זעץ געטהון חיים'לען איבערן קאָפּ מיט'ן גאַנצען כח.

חיים'ל האָט אפֿילו אַ קרעכץ נישט געטהון און איז אַראָבגעפֿאַלען פֿון וואַגען ווי אַ קלאָץ.

בעת ר' יצחק איז געקומען אַ היים און זיך אויסגענישטערט, האָט ער זיך געכאַפּט, וואָס ער האָט געטהון, אויף מאָרגען איז ער תיכף געריטען צום בעלזער, איהם דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע און וויינענדיג געבעטען אַ עצה. דער בעלזער האָט איהם געענטפֿערט, אַז עס וועט נאָך אפֿשר רעכט ווערען מיט חיים'לען, אָבער ער, ר' יצחק, איז שוין אַ פֿערפֿאַלענער פֿון בייִדע וועלטען.

בייִנאַכט, בעת ר' יצחק איז זיך געגאַנגען לייגען שלאָפֿען, האָט ער פּלוצים דערזעהן, ווי חיים'ל ליגט אין זיין בעט. אויף זיינע געשרייען איז זיך צונויפֿגעלאָפֿען דאָס גאַנצע הויז. עס האָט נישט געהאָלפֿען דאָס וואָס אַלע האָבען געשוואוירען, אַז דאָס בעט איז ליידיג. ער האָט געהאַלטען אין איין שרייען, אַז אין בעט ליגט חיים'ל און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטען די גאַנצע נאַכט. אין יעדער בעט וואו ער האָט זיך געוואָלט לייגען האָט ער געזעהן ליגען חיים'לען. ביי טאָג האָט ער גאָרנישט געזעהן קיין, אָבער האָט ער זיך געלייגט שלאָפֿען, האָט ער שטענדיג געזעהן ליגען חיים'לען דעם וואַסער-טרעגער אין בעט.

דאָס האָט אַזוי געדויערט כסדר 5 טעג. ר' יצחק האָט אויסגעזעהן, אַז עס איז געווען אויף איהם אַ שרעק אַ קוק צו טהון. ער איז אין די 5 טעג גראָה און אַלט געוואָרען, קיינער האָט נישט דערקענט, אַז דאָס איז דער זעלבער וואָס מיט 5 טעג צוריק.

ערשט מיט 8 טעג שפּעטער האָט דער בעלזער עולם פֿערשטאַנען, וואָס דער בעלזער רבי האָט אַזוי שטאַרק גענומען אַ פֿוהר מיט 8 טעג צוריק אין מיטען דער נאַכט אין אַזאַ פֿראָסט און שניי-שטורם און פֿאַרוואָס ער איז געפֿאָהרען אַליין אָהן אַ קוטשער. און דער זעלבער נאַכט איז דער בעלזער רבי געפֿאָהרען און געבראַכט חיים'לען דעם משרת צו זיך אַהיים, איהם געהאַלטען און געהיילט מיט אייגענע מיטלען ביז חיים'ל איז אַרויס פֿון דער סכנה, אין וועלכער ער האָט זיך געפֿונען.

מיט 4 וואָכען שפּעטער איז ר' יצחק געשטאָרבען און חיים'ל איז צוריק געוואָרען אַ וואַסער-טרעגער.

**מ. ק—ר.**

טונגס-מיטגלידער: ד"ר קאהן, ד"ר ראַ-זען, פרץ און הילטשינסקי או זיי גע-בען זיך אב אין דימיסיע, און דאן זענען די אנדערע פערוואלטונגס-מיט-גלידער צוליעב דער קאמפלעטירונג פון דער פערוואלטונג, אויך געצוואונ-גען אבצוגעבען זיך אין דעמיסיע.

מען טרעט באלד צו אויסצוהעלפען א נייע פערוואלטונג, אין וועלכער ס'ווע-רען אויפגענוהמען די ח"ח: ש. באַ-יוטין, דויר, יאקובסאָהן, קיזלער, פרץ, פינענבלאט, חיינבוים, גרעניץ און דערמיט ווערט די פערזאמלונג גע-שלאסען.

## די דינסטאג'דיגע זיצונג פון שטאָדט-ראט.

די דינסטאג'דיגע זיצונג פון שטאדט-ראט איז פארגעקומען אונטערן פארזיץ פון פרעזעס בוגאַיסקי.

נאָכ'ן איבערלעזענען דעם פראטאקאל פון דער פאָריגער זיצונג ווערען בע-טראכט א ריהע דרינגענדע פארשלאגען.

אין דער ערשטער ריהע דער דרינ-גענדער פארשלאג פון מאגיסטראט מעגען ווענדען זיך צו דער רעגירונג וועגען א

### הלואה פון 180 טויזענד זל. אויף קויהלען און קארטאָפעל

און אויך א סומע פון 200 טויזענד זל. אויף איינצוקויפען הייץ.

דעם דאָזיגען פארשלאג רעפערירט דער פרעזידענט, וועלכער ווייזט אן אז די דאָזיגע ארטיקלען זאלען איינגע-קויפט ווערען צו ביליגע פרייזען, דא-בעי האט זיך דער מאגיסטראט געוואנ-דען צו דער באַנק וועגען אנ'ערקענען א הנחה פאר'ן איבערפיהרען די דאָ-זיגע פראָדוקטען.

דער צוועק דאפון איז צו בעקעמ-פען דעם יקרות, וועלכער שטארקט זיך לעצטענס.

בהדרגה פארשלאגען ווערען איינ-שטימיג אנגענומען.

עס ווערען דאן בעטראכט א ריהע פארשלאגען, וועגען דעם צואפלען דאס בויען די וואוינונגס-הייזער, וועגען אויס-וועהלען א קאמיסיע צו קאנטראלירען די ארבייט פון „אולען" און וועגען ווענדען זיך צו דער רעגירונג וועגען נישט העכערן דאס דירה-געלט פאר קלענערע וואוינונגען, דעם לעצטען פארשלאג רעפערירט ר' פערערמאן, אלע פארשלאגען ווערען אנגענומען.

דאגעגען ווערט אבגעווארפען דער פארשלאג פון די ענדעקעס, וועגען בע-שטימען א ספעציעלען שטייער אויף די אריינגעפיהרטע פאמעראנצען, צו-טרינען, ציבעל און מארמאלאדע.

עס ווערט דאן בעשלאסען אויפ'ן פארשלאג פון מאגיסטראט אנצוהייבען

### אנ'אקציע צו פערזעהען די גרויסע בעפעלקערונג מיט לעבענסמיטעל.

די אקציע זאל געפיהרט ווערען אין דער וועלכער פארם ווי פריהערדיגע יאהר, דערויף האט דער מאגיסטראט פארגעזעהען א סומע פון 75 טויזענד זלאטעס.

עס ווערט אויך נאך א דיסקוסיע בע-שלאסען צו העכערען די פענסיעס פון לאַהניקעס, און די ראטען פון 20 ביז 30 פראצ.

וועגען די אריינגעטראגענע פראטעס-טעס וועגען דער עלעקטראַחניע, ער-קלערט דער מאגיסטראט דאס ער ער האלט אויך, אז דער ענטפער פון דער עלעקטראחניע איז נישט קיין גע-נוגענדער.

א גרויסע דיסקוסיע האט ארויסגע-רופען דער פארשלאג וועגען אנערקענען

### א סובסידיע פון 2000 זל. פאר'ן „מאָז".

געגען דעם דאָזיגען פארשלאג טרעטען ארויס די ענדעקעס, דעם פאר-שלאג פערטיידיגט ד"ר בראט און ד"ר באַמאַחיא ווי אויך ר. פערערמאן.— אין רעזולטאט ווערט דער פארשלאג מיט א מעהרהייט שטימען אנגענומען —נאך דער בעשטעטיגונג דאס די קינדער-שפּיטאל'ס אבטיילונג, וואס ווערט דורכ'ן „מאָז" געגרינדעט זאל אויך בע-דינען קריסטליכע קראנקע, ווערט דער פארשלאג אנגענומען.

נאכ'ן ערלעדיגען נאך אנדערע נישט וויכטיגע פארשלאגען ווערט די זיצונג געשלאסען.

## די קאָמיסיעס פון קהלה-ראט ביי דער ארבייט.

די קאָמיסיעס וואס זענען געשאפען געווארען ביים קהלה-ראט האבען זיך שוין קאנסטיטואירט און זענען צוגע-טרעטען צו זייער ארבייט.

אזוי זענען שוין טעטיג די פינאנץ-בודזשעט-קאמיסיע וואס האט זיך גע-נומען צו קאנטראלירען די וועטליכע איינקונפטען און אויסגאבען פון דער קהלה, אין צוזאמענהאנג מיט'ן נייעם בודזשעט, און די פילאנטראפישע קא-מיסיע נעמט פאר אין די נאהענטסטע טעג דאס גענויע אויספארשען די טע-טיגקייט פון אלע יודישע צדקה חברות וואס עקזיסטירען אין אונזער שטאדט, וועלכע זאמלען געלד ביי דער היגער יודישער בעפעלקערונג.

## „וואַן זשידאָווסקי וואָטקי".

מיט אזא ברוך הבא האט בעגעגענט די פרוי פון דירעקטאָר פון דער הי-גער יודישער גערטנער פערמע א גרו-פע פון צוויי יונגע-לייט פון היגען ספארט און טורן פעראיין.

זונטאג 11 א זייגער אין דערפריה זענען די צוויי מיטגלידער פון היגען ספארט-און טורן-פעראיין אברהם חיינ-בערג און יעקב סלאטניצקי געקומען אין דער גערטנער פערמע מיט א בריף פון דעם ספארט-און טורן-פעראיין, וועגען קויפען א קראנץ בלומען פאר'ן פעראיין.

ווען די צוויי יונגעלייט זענען אריין אין הויז פון דירעקטאָר האט זיי בע-געגענט א פרוי, וועלכע זיי האבען גע-פרעגט צו דער דירעקטאָר איז דא און צו מען קען זיך צו איהם ווענדען.

די פרוי איז אוועק און א שכנות'דיג צימער, און עס איז פלוצים ארויסגע-לאָפען פון א צווייטער טהיר דעם די-רעקטאָר'ס פרוי און וועהענדיג ווארטען די צוויי יונגעלייט האט זי אין א גרויס אויפגערעגטען טאן אנגעהויבען שרייען „וואַן זשידאָווסקע וואָטקי", „וואַן סמאַר-קאטשע" און צונעלאָפען צו איינעם און איהם א פעסטען שטויס געגעבען וועלענדיג איהם אראב שטופען פון די טרעפען.

די צוויי יונגעלייט זענען געבליבען שטעהן ערשטוינט און דערשראָקען, און האבען ווייטער געווארט. עס האט גע-דויערט א היבשע וויילע ביז דער די-רעקטאָר איז ארויסגעקומען און מיט זיי אריין אין קאנצעלאריע.

איינער פון די יונגע לייט האט אי-בערגעבען דעם בריף וועגען קראנץ און דאבעי געפאדערט אנ'ערקלערונג וועגען די בעליידיגונגען וואס זענען פארגע-קומען, אויף וואס ער האט ערקלערט אז אזוי ווי בייטאג האט דארט מי-ליטער געמאכט איבונגען האט זיך זיין פרוי דערשראָקען און דעריבער איז זי שטארק אויפגערעגט און האט זיי בעליידיגט, ער בעט זיי דעריבער אין ענטשולדיגונג און דאפון קען גע-וויס נישט צו מאכען.

אבער ווי נאַאיוו דארף מען זיין כדי אנצונעמען אזא ענטשולדיגונג ? צו דערפאר האט מען גערארפט יודישע יונגעלייט בעליידיגען אויף אזא חוצ-פה'דיגען אופן ? צי איז דאס שוין נישט די העכסטע צייט דעם דירעקטאָר צו זאגען: גענוג, ארויס פון דער יודישער פערמע ! וויל קיין אנטיסעמיטיזם טרע-גען אין קיין יודישע אינסטיטוציע, דאס מעגען מיר געוויס נישט דער-לאזען, דאס איז שוין צופיעל און דא-רויף מוז איהם די יודישע געמיינדע אנ-ענטפער געבען. אזא האפליכע האנ-דלונג טאר נישט געדולדעט ווערען !

עס מוז דאצו א סוף נעמען !

## צוריקגעקומען דער קהלה-פרעזעס.

דער פרעזעס פון דער היגער קהלה-פערוואלטונג ה' גאָלדשטיין איז שוין צוריקגעקומען פון זיין אורלאַב-רייזע אין אויסלאנד, און האט צוריק אנגע-הויבען צו זיין טעטיג אויף זיין אמט.

## רעגיסטראציע פון די יודישע צדקה-חברות.

דער קהלה-ראט פיהרט אדורך א גענויע רעגיסטראציע פון אלע יודישע וואהלטעטיגע אינסטיטוציעס, וואס גע-פינען זיך אין אונזער שטאדט.

צו דעם צוועק ווערען די אלע פער-איינען אויפגעפאדערט זיך צו רעגיס-טרירען אין דער געמיינדע אין משך פון 8 טעג, אויפגעבענדיג גענוי וואו זיי האבען זייער זיץ-פונקט, ווער עס איז דער פארזיצענדער פון'ם פעראיין, און זיין אדרעס.

ס'איז צו האפען, אז די אלע צדקה-חברות וועלען זיך אונטערווארפען צופאַ-סען צו דער דאָזיגער פאָדערונג, מיט וועלכער ס'איז געמיינט פערבינדען זייער עקזיסטענץ און ווייטערע טעטיגקייט.

## די נעכטיגע פייערונגען צוליב דער 8 יעהריגער יאהרצייט פון דער פוילישער אונאבהענגיגקייט.

אין צוזאמענהאנג מיט דער 8 יעה-ריגער אונאבהענגיגקייט פון פוילען איז נעכטען דאנערשטאג אין די אמטען געווען א מלחמה'דיגער יום-טוב, פאר'ן מאגיסטראט זענען פארגעקומען צערע-מאָניאל פייערונגען און אין די שולען איז די לעהרע נישט פארגעקומען.

אויך מיטוואך אבענד האט איבער דער גאנצער שטאדט דורכמארשירט א פאקלען צוג מיט מוזיק פון היגען מיליטער.

## וועגען וואוינונגס-שטייער פון קליינהענדלער.

די פראגע וועגען וואוינונגס-שטייער פון קליינהענדלער און מארק-שטייער איז שוין פון לאנג אקטועל, עס זענען דא פאקטען, אז מען פאדערט דיזע שטייער פון אזעלכע ארימע הענדלער וואס האבען נישט אין זייער גאנץ פער-מעגען אזא סומע: וואס דער שטייער בעטרעפט.

דער קליינהענדלער - פעראיין האט שוין וועגען דער זאך פיעל מאל אינ-טערווענירט און אויסגע'פועל'ט בלוי-פרש'ט געוויסע הנחות, וועלכע האבען אבער קיין פאקטישען רעזולטאט נישט געבראכט.

איצט מעלדעט מען אונז מיט פון די קליינהענדלער קרייזען אז א דאנק דער בעמיהונג פון דער פערוואלטונג מיט'ן אנפיהרער פון ה' ח. העקסלער האבען זיי אויסגע'פועל'ט ביי דער קאמונאלער סעקציע, אז די קליינהענדלער וואס קע-נען פאקטיש נישט צאהלען זאלען זיך ווענדען מיט א ביטע צום מאגיסטראט און די ביטע זאלען זיי איבערגעבען אין קליינהענדלער - פעראיין, וועלכער זאל צוגעבען זיין בעשטעטיגונג אז דער מענש איז נישט אומשטאנד צו צאהלען. און די ביטע זאל א פערוואל-טונגס-מיטגליד פון פעראיין פערזענ-ליך איבערגעבען אין מאגיסטראט, און דאן וועט מען באלד אויפ'ן ארט שי-קען א סעקרעטאר צום שטייער-צאהלער, וועלכער וועט אין דער אנ-וועזענהייט פון פעראיין-מיטגליד פעסט-שטעלען אויב ער קען צאהלען, און אויב מען דארף איהם בעפרייען, און ווען מען וועט דאס צולעגען אין רא-טעס, וועט נאר קאסטען 1 פראצענט שטראף מאנאטליך.

די דאָזיגע הנחה קען אוודאי פיעל פערלייכטערן די ארימע קליינהענדלער פון דעם דאָזיגען שווערען שטייער לאסט.

## דער היינטיגער קיפנים-זעליג-פעלד קאָנצערט.

היינט אבענד ווי מיר האבען שוין געמעלדעט, וועלען מיר האבען די געלעגענהייט צו הערען די אין אונזער שטאדט בעליבטע פאלק'ס זינ-גער זמרה זעליגפעלד און מ. קיפנים, וועלכע זענען לעצטענס נאך א לענ-גערער רייזע אין אויסלאנד און אין די מיטעלע געגענדען פון פוילען, צו-ריקגעקומען מיט א פולשטענדיג נייעם רעפערטואר פון נאך ביז איצט נישט געזונגענע פאלקס מעלאדיען.

דער גרויסער ערפאלג מיט וועלכען די דאָזיגע קאָנצערטען האבען זיך מיט א צייט צוריק געפרעהט אין אונזער שטאדט, איז געוועזען א בעווייז, אז דאס היגע יודישע פובליקום ווייסט ווי גע-העריג אבצושאצען די ווערט פון דעם יודישען פאלק'ס ליד, וואס פערשאַ-פט אונז אנ'אמת'ן גייסטיגען גענוס, אוועקפיהרענדיג די צוהערער אין דעם אונערשעפטען קוואל פון דער יודישער פאלק'ס נשמה.

מיר וועלען דעריבער האפען אז אויך דאסמאהל וועט דאס היגע יודישע פוב-ליקום דעם דאָזיגען קאנצערט ווי גע-העריג בעזוכען און נעהמען אויסנוצען די געלעגענהייט פון דעם „אוואנטריט" פון די צוויי בעגאבטע יודישע פאלק'ס זינ-גער ביי אונז אין שטאט.

## פאר משפט אויף 6 חדשים ארעסט דעם דירעקטאָר פון דער מאַטעס פאבריק.

מיט איניגע מאנאטען צוריק איז אין'דער פאבריק מאַטעס, פון א ווינדע אראבגעפאלען דער בעאמטער יאָדלוב-קי, וועלכער איז אויפ'ן ארט גע הרג'ט געווארען.

אין צוזאמענהאנג דאמיט האבען זיינע עלטערן פערפיהרט א פראצעס געגען דער דירעקציע פון די „מאַט-טעס".

די טעג איז דער פראצעס בעטראכט געווארען דורכ'ן קרייז געריכט, וועל-כעס האט צוליב דעם שלעכטען צו-שטאנד אין וועלכען עס האט זיך גע-פונען די ווינדע וואס עס האט פער-אורזאכט דעם פערפאל, בעשטראפט דעם דירעקטאָר פון דיזער פאבריק מיט 6 חדשים ארעסט.

## א ליטעראַרישער משפט.

דער היגער יודישער קולטור-אמט ארדענט איין, היינט אבענד אין זאל „רעדוטא" א ליטעראַרישען משפט אי-בער שלום אש'ס ווערק „מאטקע גנב".

אין דעם משפט נעמט אנטייל דער אבסאלווענט פון פילאזאפישען פאקול-טעט אין „בערן" א. ליפמאן, פון ווילנא, וועלכער וועט „ארויסטרעטען" אלס פערטיידיגער און א גאנצע ריי-הע עדות און עקספערטען, ריכטער און פראקורער, פון די היגע בעסטע קרעפטען. צוליב וואס דער משפט וואגט פאר צו זיין זעהר אינטערעסאנט.

## אינטערעסאנטער רעפעראט.

מארגען שבת, נאכמיטאג וועט דער בעקאנטער פסיכאלאג גימנאזיע - די-רעקטאָר אין ווילנא א. ליפמאן האל-טען אין זאל „רעדוטא" א וויסענשאפ-טליכער רעפעראט א. ד. ט.: פרויען, ליבע און דיכטער לעבען.

די טעזען נעמען ארום די פסיכא-לאגיע פון ליבע, לויט איהר אויפפא-סונג ביי די גרעסטע געלעהרטע, און ביי אלע קלאסען מענשען, דאס חתונה פראבלעם, די מאדערנע יודישע פרוי, און דעם איינפלוס אויף קונסט, ווי-סענשאפט, רעכט און פאליטיק.

## א יודישע סאָצ. רעפובליק און די קאָלאָניזאציע אין קרים.

אויף דאס טעמא קומט פאר היינ-טיגען שבת, דעם 13 ד. ח. 3 נאכמ. אין זאל די „נייע וועלט", סטראושאצ-11, א קאָלעקטיווע פארלעזונג מיט'ן אנטייל פון ד"ר יוסף קרוק, ל. חער-שאחסקי און א. בראנאלאחסקי.

## נדבות אין רעדאקציע.

ד פאר „בית לחם" די פאמיליע מארקא-וויטש צום אנדענקען פון זייער פערשטאר-בענער מוטער 100 זל., דעקטאָר לעאָן זוויפט-מאן רעפרעזענטאנט פון דער אקאדעמישער ברודערי 50 זל. ה' האסבורגער 20 זל., ח' סוזקא 10 זל., הערצקע מאנדעל 5 זל., פרוי שנייער 5 זל., יוסף שטוגעל 2 זל.

ה' יעקב דעמינו דורך דעם הויזווירט פון פיל-סודסקי 17, 50 זל. פאר דער רעטונגס-אקציע.




Ceny ogłoszeń: Za wiersz milimetrowy przed tekstem 24 gr., za tekstem 31 gr., w tekście 60 gr.— Szerokość kolumny obejmuje 8 szpalt ogłoszeniowych.

Wydawca B. BOCIAN Redaktor Izrael PŁOCKIER Druk. B. BOCIAN I-sza Aleja № 6.